ביילע שעכטער-גאָטעסמאַן

# סטעזשקעס צווישן מויערן

לידער

פארלאג „ישראל-בוך"
תל-אביב, תשל"ב — 1972

*

צי סע איז אַ כמאַרעלע פֿון בלישטשענדיקן זילבער,
צי אַ טאָגליכט, וואָס איז פּלוצעם אויפֿגעגאַנגען,
צי אַ לאָמפּ, וואָס כ׳האָב אַליין אים אויפֿגעהאַנגען
אויפֿן הימל ?
איך כאַפּ זיך אָן מיטביידע הענט פֿאַרקלעמט.
כ׳טאָר נישט טראַכטן, כ׳טאָר נישט וויסן.
איבער מיר דער הימל, אונטן די אַביסן.

## צווישן דייַנע פֿינגער

דער טאָג ליגט צווישן דייַנע פֿינגער,
וואָס וועסטו מיט אים טון?
וועסט אים אָנכאַפּן ביַי די לאַצן און זאָגן:
„קום, לאָמיר זיך פֿאַרוועטן!"
און וועסט פּרווון נאָכהאַלטן מיט אים בײַם טרעטן?
וועסט אָנפֿילן יעדע רגע מיט אַ ים פֿון קוואַלן
און נישט לאָזן קיין ברעקעלע זאָל לאיבוד גיין, פֿאַרפֿאַלן.

דער טאָג ליכטיקט ברייט איבערן אַרום,
און דו, אַ פֿליגעלע, אַ מעריטשקע —
אין כּבוד אים צו דינען.
און ער — צווישן דייַנע פֿינגער —
גאָלדענע טראָפּנס, וואָס רינען...

## פּאָעט

האָסט אַרויסגעצויגן דעם קאָריק
און צעעפֿנט די שלונדן,
איז אַרויסגעשאָסן מיט אַ קנאַק פֿון פֿרייד
אַ גאַנצער פֿלייץ פֿון רייד,
און צעלאָזט זיך אין געוועט.
ס׳האָט ווייוועגדיק צעשפּילט זיך דער פּאָעט.
צעזונגען זיך ווי אַן אָפּערע־טענאָר
וואַרפֿט ער און ער כאַפּט ווי אַ זשאָנגליאָר
טראַפֿן. און מיט לײַכטן באַלאַנסירן
טונקט זיי אין פּאַסטעל קאָלירן.

וואָס האָט זיך אַזוי צעלאָזט די גאַנצע מאַשינעריע?
ס׳איז אַ צוואַנציק שפּאַן
צו דער סטאַנציע פֿון דער אונטערבאַן,
און די זון האָט אַ וואָרף געטון אַ שטראַל,
ווי אַ מעסער געניט,
און אויפֿגעשניטן אַן אומגעריכטן קוואַל.

מער ניט.

## אפֿשר

קענסט זיך אַזוי דראַפּען, דראַפּען...
אָן אַ סוף איז דער לייטער.
אפֿשר... אַ מאָל... שפּעטער
וועסטו ערגעץ זיך דערשלאָגן.

און אויסמעקן קענסטו,
מעקן אַ וואָרט נאָך אַ וואָרט.
אפֿשר... אַ מאָל... פֿאָרט —
אַ נישט-געזאָגטס נאָך זאָגן.

## שײַכותן

נישט מיט אַ באַשטימטן צוועק,
נאָר אַזוי פֿאַרצייכנענדיק —
שורות אויסגעשטעלט בײַנאַנד —
אַ בליאַסק,
אַ פֿונק,
אַ קער,
אַ ווענד.
אויף לײַוונט דורכגעוועבט עס גרינג —
און סע קלינגט.

אַט אַזוי, נישט־ווילנדיק,
נישט־וויסנדיק ווי אַזוי אַליין —
באַקומט זיך אַ סך־הכּל,
שיילט זיך אויס דער מיין —
דאָס פֿאַרהוילענע שײַכות,
דער פֿאַרפֿלאָכטענער זין —
אַ שילד אויפֿן וועג,
וואָס ווײַזט מיר: אַהין!

## אויף סטעזשקעס אייגענע

איך האָב ליב זיך צו פֿאַרקערעווען
אויף סטעזשקעס אייגענע,
אַ ביסל אין אַ זײַט.
כאָטש סע זאָגן מיר
אַלע באַלעבאַטישע, געזעצטע לײַט:
„דו פֿאַרנעמסט זיך מיט פּוסטע הוריות, משוגעת".
זיי וואָרענען מיט אַ פֿינגער:
„מיטן קאָפּ דורך וואַנט? צו וואָס?".
נאָר איך שפּרינג ווײַטער
אויף איין פֿוס מיטן רעגן אין גאַס;
קנעט באָרוועסערהייט די בלאָטעס —
גאָר נישט ווי סע פּאַסט,
און סווישטשע מיר אונטער צום טאַקט פֿון רעגנטראָפּ.

און וועל מיר לאָזן אַזוי ווילגיין
ביזן גרינעם צאָפּ.

## אין הינערפלעט

סע לויפן שוין ווידער שעהען און טעג,
ווי לופטצוגן ציִען אַרויס מיר פון הענט
וויכטיקע דאַטעס, חובות און וויי —
זיי יאָגן זיך אום אין אַ חושים געדריי.
און איך — אָרעמע איך —
טרײַב זיך נאָך זיי.

וואָלט איך כאָטש אַ רגע האַלטן געקענט,
איך וואָלט זיי געבונדן, געהאַלטן אין פענט —
צונויפגעלייגט ציכטיק, גלאַטיק פאַרגלעט...
נאָר דערווײַל ליג איך אין הינערפלעט
מיט מײַנע שעהען, רגעס און טעג.
אין הקדש באַגראָבן מײַן גאַנצער פאַרמעג.

## שורהלעך פֿאַרגעסענע

וואָס זענען עס די צעטעלער,
דאָ אָנגעוואָרפֿן ליגן,
ווי טויטע פֿליגן,
וואָס עמעץ האָט מיט אַ פּאַטש געטראָפֿן ?
אוי, ס'זענען גאָר סטראָפֿן...
נישט-פֿאַרענדיקטע לידער,
וואָס מיט אַ האַנט אַ מידער
איך האָב געשריבן
שוין כמעט אין מיטן שלאָפֿן !
טאַקע, קוים זיי צו באַנעמען.
נישט דערגאַנגענע עופֿעלער אָן נעמען.
איך וואָלט בײַם קלאָרן שׂכל זיי
קיין מאָל אַזוי נישט לאָזן —
שורהלעך פֿאַרגעסענע אין ווינקעלעך
פֿאַרלאָזן.

## ס׳איז מײַן געזאַנג

איך טענצל מיר לײַכט אויף וואַרעמער ערד,
ביז הויך אין די הימלען דאָרט העט.
דאָס קולעכל מײַנס פֿאַרגייט זיך, טרעלערט,
הייסט עס: סע זינגט דער פּאָעט?

מיאַוקען די קעץ בײַ מײַן פֿענצטער הײַנט נאַכט —
אַ יאָמער, געקלאָג — און האַלטן מיך וואַך.
נאָר פּלוצעם, מיר דאַכט זיך: ס׳איז מײַן געזאַנג!
ס׳איז ערשט דאָך געווען אין הימל נישט לאַנג...

מסתמא די פֿייגל פֿון הימלישן הויף —
אַ דזיבע, אַ פּיק, אַ כאַפּ און — אַנטלויף,
געבראַכט עס צו טראָגן צו מײַן פֿענצטער צוריק —
און פֿאַרקויפֿט צו די קעץ פֿאַר קאַצן־מוזיק...

## דער נישט־געבוירענער ניגון

כ׳האָב קיין מאָל נישט פֿאַרשריבן
דעם ליכטיקן ניגון,
וואָס זיך געריסן צו ברעגעס
פֿון אונדזער פֿאַרגייִיִקייט,
ווען כ׳בין געגאַנגען צווועלעווע בײַ טאָג
און אַ פּאַס זון אויפֿן ראָג
האָט זיך פֿאַר מיר אויסגעשפּרייט.

ער איז אַוועק, דער ניגון, אַהין —
צו די תּהומען פֿון נישט־געבוירנקייט;
און מיך האָט אַ סמוטנער שאָטן,
ווי צו אַ לוויה, באַלייט.

נישט־פֿאַרשריבענער ניגון!
נישט־אויפֿגעכאַפּטע זריעה!
געפֿונען און פֿאַרלוירן,
פֿאַרגעסן — נישט־געבוירן.
וויפֿל שוין אַזוינע נישט־צײַטיקע און בלייכע
עופֿעלעך עניוותדיק געשטאַנען און געוואַרט...
און איך — געטון אַ שמייכל
אין אײַליקן פֿאַרבײַגיין
צוגעזאָגט זיי נעמען און — אַוועקגעשאַרט.

נאָר צווועלעווע בײַ נאַכט,
ווען מער קיין זון נישטאָ וואָס זאָל מיר לײַכטן,

הער איך דעמאָלט קלאָר
דאָס פֿאַרדושעטע געוויין
פֿון די ניגונים שטומע —
איך, זינדיקע נשמה.

## אַ פֿרעמדע

כ׳בין שטענדיק ווי אַראָפּ פֿון אַ שטערן,
מיט ווײַטע, נישט־דאָיִקע טריט.
איך ווייס נישט פֿון וואָסערע ספֿערן
כ׳בין פּלוצעם אַרײַן דאָ אין מיט.

כ׳זע די פֿאַרשוינעװ באַוועגן
די ליפּן, נאָר כ׳קען נישט פֿאַרשטיין
זייערע גרויסע שפּיליקע זשעסטן,
כ׳פּרוּוו כאַפּן דעם טיפֿערן מיין.

און אָט, דאַכט זיך, הער איך זיי שרײַען:
„פֿרעמדע!‟ — זיי לאַכן גאָר הויך,
און ס׳קײַכט שוין דער גאַנצער טעאַטער,
און איך אַליין, זיץ און לאַך אויך.

און גיי איך אין גאַס, הער איך רופֿן:
„אַ פֿרעמדע זי איז — נישט פֿון הי!‟
כ׳בין, דאַכט זיך, אַראָפּ פֿון אַ שטערן,
נאָר איך ווייס נישט פֿון וועלכן און ווי.

## מײַן מוזע

די קלאַסישע מוזע, די זוניקע געשטאַלט,
מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן
און אַ לירע אין האַנט,
איז אונדז וווּיל באַקאַנט.
ס'ע האָבן זי באַזונגען
דורות לאַנג פּאָעטן.
מיט פֿאַרגלייזטע אויגן און פֿאַרליבטערהייט
זײַ די אויסגעצגאַרטע
אין שטראַלנגאָלד געקליידט.

די גוטע, אַלטע מוזע —
אַ שאָד מיר און אַ ווייטיק.
מײַן מוזע — זי איז אַנדערש,
גאַנץ און גאָר הײַנטצײַטיק.
נישט זיסע לירע,
נישט פֿינגער צאַרט;
איר שמייכל איז נישט זוניק,
נאָר אַן רחמנות, האַרט.
זי רײַסט מיך בײַ די האָר,
ווען ס'פֿאַלן די אויגן צו;
זי האַקט מיר אין די שלייפֿן —
גיט מיר נישט קיין רו.
מײַן מוזע איז אַ בייזע,
נאָר די כּוונות אירע — גוט.
מילא, בין איך מוחל איר,
וואָס זי צאַפּט מײַן בלוט.

## ייִדיש־קאָשמאַר

אַלע טאַטע־מאַמעס פֿון הויז אַוועק,
קינדער אַליין געבליבן.
עופֿעלעך ציטערנדיק פֿון שרעק
אין ווינקל זיך פֿאַרקליבן.

דער דיל איז פּלוצעם איבערגעקערט,
די נאַכט — דעם טאָג פֿריטשמעליעט,
דער דרויסן איז גרויס, די גרויסע אַ סך
און די אָרעמע ווערעמלעך עלנט.

ווייסן נישט פּיצעלעך וואָס צו טון,
ווי אַזוי זיך געבן אַן עצה:
צום אַרבעטן די הענטלעך צו קליין,
צום טראָגן צו שוואַך די פּלייצע.

שאָטנס, ווערן ווילדע וועלף,
מיט פֿײַערדיקע צונגען,
האָבן דאָך קינדער נישט קיין ביקס
און ווערן ווי פֿאַרשלונגען.

שלאָגט טרעוואָגע ווער אין גאַס:
„סע ברענט! סע ברענט! סע ברענט!".
פֿול פּחד די אויגן קוקן די קינדער
ווי ס'קרישען זיך די ווענט.

און ס'קוקט די גאַס מיט אַפּלען פֿאַרקרימטע,
איר שמייכל — גליווערט שטיין.
טאַטע־מאַמעס פֿון הויז אַוועק,
קינדער — געבליבן אַליין.

## זערנעס, דריבנע זערנעס

וויפֿל מענטשן האָסטו הײַנט ווי געטון
און זיך אַליין אין פֿלייש געשניטן?
און ווער האָט דיך געטראָטן נעכטן
און ווי האָסטו דורך זיי געליטן?

זערנעס, דריבנע זערנעס
זייען ווּ, פֿאַרזייען.
בלוטיק רויטע רויזן
גייען אויףֿ, פֿאַרגייען.

וועמען ביסטו שולדיק?
ווער איז שולדיק דיר?
וויפֿל ליגנס האָסטו
פֿאַרוואָרפֿן דורך דײַן טיר?
אמתן — וויפֿל אויפֿגעקליבן?
און דורכזײַענדיק זיי —
וויפֿל איז פֿאַרבליבן?

זערנעס, דריבנע זערנעס
זייען ווּ, פֿאַרזייען.
בלוטיק רויטע רויזן
גייען אויףֿ, פֿאַרגייען.

## מיטמאַרץ

שוין דער אַכצעטער מאַרץ און סע שנייט:
אַ ווייכער,
אַ ווײַסער,
ער גלעט דײַן געמיט.
נאָר פֿאָרט —
ווי קומט עס אַ שניי דאָ אין מיט?
כ׳האָב דאָך ערשט נעכטן אין גאָרטן
אַליין געזען
פּיצעלעך קעפּעלעך — גרינוואַרג,
וואָס וואַרטן אַרויסצושפּרינגען.
די ערד געווען גרייט, געשפּאָלטן,
און איך — מיט אַ גראַבליע אין האַנט
האָב אַוועקגעשאַרט די פֿאַראַיאָריקע בלעטער.
נאָר ווײַזט אויס, ס׳איז נישט קיין פֿאַרלאָז
אויפֿן מאַרציקן וועטער.
(שוין אַן אַלטער אמת, כ׳מיין).
ס׳האָט זיך געדאַכט — באַפֿרײַט;
געהאָפּט — דערוועקט —
און דאָ גאָר:
סע שנייט, שנייט,
קייטעלעך,
שפּיצעלעך,
און אַלץ ווערט פֿאַרדעקט.

## גרין

גרין האָט זיך צעצווייַגט דער פֿיליגראַן,
ווען ס'האָט דעם מכשפֿם ווונדער־שטעקעלע
צו אים אַ ווינק געטון
און מיט אַ כּוח, וואָס נישט געוווּסט
אַז ר'איז אין אים פֿאַראַן —
אַ שפּרונג — מיט אַקראָבאַטישן עלאַן
און זיך צעשטרעקט, צעשפּרייט —
דעם גאַנצן הימל איַינגענומען אומגעריכטערהייט,
דאָס בלאָ פֿאַרצאַמט:
פֿרילינג האָט צעגרינט דעם האָריזאָנט.

## פורפל, ווײַס, ראָז

פורפל־ראָזעווע צעבליט קאָלירן זינגען.
פֿליגלען — שנייִיק־דינע, גלעקלעך זיך צעקלינגען.
פֿלי איך מיט,
איך טרעל מיט אײַער טרעלן מיט —
ראָז און ווײַס — זונבאַגילדטער צווײַט.
נאָר צו מאָל, ווען כ׳קריך אַרויס
פֿון נאָרע מײַנער טעמפּ,
שטייט איר פֿאַר מיר אויסגעשלייערט
ווי נישט־דאָיִק, פֿרעמד.
אַ גוססדיקער שמייכל שוין פֿאַרגאַן,
אַ בלישטש פֿון נעכטן,
הײַנט מער נישט פֿאַראַן;
אמתן — נישט אמתע,
שטערנדלעך צעממיתטע,
אילוזיעס — פורפל, ווײַס, ראָז.

## דער לץ

שמאָל דער וועג און קורץ דער גאַנג
און מיר ווערן צעמורשט אַ לעבן לאַנג.
ווער וועט די האַנט מיר געבן?
ווער גיט דעם אָטעם מיר?
סע פֿעלט מיר אָטעם צום לעבן,
איך צאַנק און צאַנק.

אין אַ שאָטיקן טויער פֿאַרכאַפּן
ער וויל מיך,
און לאַכט זיך קראַנק —
דער לץ מיט דער פֿינצטערער מראה,
וואָס נאַרט מיך אַ לעבן לאַנג,
אַ לעבן לאַנג.

## אַ ליכט

מיט פֿאַרמאַכטע אויגן איך זע אַ ליכט.
אַ פֿירעקיק ליכט.
סע עקבערט און בויערט.
אונטער מײַן אויגלעפּל הויערט.
אַ שפּיצקאַנטיק ליכט.
הענגט עס און הוידעט זיך און ווינקט.
הין־הער, הער־הין.
מיר אין שאַרבן זינקט.
אַרויף־אַראָפּ.
קלינגט.

## אַ פֿלאַטערל נאָר

צו מאָל בין איך זיך אַליין צו שווער:<br>
טראָגן אַזאַ פּאַק געמיט!<br>
ס'איז נישט מײַן ענין,<br>
נישט מײַן עסק,<br>
וואָס שטופּ איך זיך אַרײַן אין מיט?<br>
אין דער אמתן בין איך גאָר<br>
דינינק,<br>
זוניק<br>
פֿלאַטערל נאָר —<br>
כמעט אָן אַ גוף.<br>
כ'טאַנץ הימלישע באַלעטן<br>
צעפֿליגלט אין דער לופֿט.<br>
קלאַנגען קאָלירטע מיך פֿאַרשלייפֿן.<br>
און געצויגן ווער איך<br>
פֿון פֿלאַמיקע געשפּאַנען,<br>
ביז וואַנען —<br>
כ'פֿאַל אַראָפּ.<br>
און ווידער כ'ווער<br>
צעגופֿיקט שווער<br>
און כ'שלעפּ צוויי פֿיס ווי קאַנען.

## מיט דער גיטאַר

דו קוקסט די לאַנגע טרעפּ אַרויף —
צי שטייט ווער דאָרטן אויבן
דו קוקסט די טיפֿע טרעפּ אַראָפּ —
צי וואַרט נישט ווער דאָרט אונטן ?

נישט אויבן, נישט אונטן.
סע וואַרט דאָרט נישט קיינער,
סע ציט ביז די גרונטן
די טרעפּ, און איינער
אויף איר — דו אַליין נאָר.

נישט קיין דאַך, נישטאָ קיין ווענט —
דאָס שטיבעלע וואָס דו האָסט געקענט ;
אונטער די פֿיס — קיין פֿונדאַמענט ;
און סטרונעסט, און סטרונעסט.

## שאול־תחתיה

אַלע בלעטער שוין זיך צוגעבלעטערט,
זיך פֿאַרמאַכט.
ס׳לייגן זיך די כּל־הקולות,
און די נאַכט
פֿאַרנעמט איר מלכות.
אין דער אײַנגעוויגטער שטילקייט — שאַ!
ווערט לעבעדיק און וואַך אַ וועלט אַזאַ
אַ שטום געדאַכטע.
און באַהאַלטן נעמען שאָטנס אָטעם אָן —
זיך ממשותדיק געשטאַלטן.
פֿון אַלע נאָרעס קריכן זיי אַרויס
און פֿילסט ווי ס׳טוט אַ וויִע
פֿאַר דײַנע אויגן די שאול־תחתיה.

## וואָלט איך אַ צווײַג געווען

וואָלט איך אַ צוויטשענדיקער צווײַג געווען
אין מיטן פֿרילינג, הײַנט,
און פֿון אַ יום-טובֿדיקער זון
באַגלעט, באַפּוצט, באַשײַנט —
איך וואָלט בײַנאַנד אין זונענהעל אויפֿגיין
און מיט פֿויגלטרעל פֿאַרגיין.
דאָס גרינע אויג מײַנס וואָלט געפֿלאַטערט,
זיך דורכגעוווּנקען מיט דער ערד
און מיט שפּירערס פֿון אַ חיה
גענישטערט און זיך אײַנגעהערט
צו אַנטפּלעקן קוואַלן נײַע
פֿאַר מײַן בלעטערוואַרג דעם יונגן.
יעדן פֿרישן ערדנטראַנק
כ׳וואָלט מיט הייסן דאָרשט געשלונגען.

וואָלט איך אַ צווײַג געווען, אַ צוויטשענדיקער איצט,
און נישט געזען וואָס צײַט אין קאָרע קריצט
און נישט געוווּסט וואָס מאָרגן אויף מיר וואַרט
און נישט געפֿילט ווי דער האַרבסט אויף מײַנע טריט מיר האַרט.

*

ווי לאַנג נאָך וועט זיך ציִען מײַן נאַכט?
וויפֿל איז דער שיִעור נישט שלאָפֿן?
כ׳ליג מיט אויגן צוגעמאַכט
און זע, עלעהיי איך האַלט זיי אָפֿן:

דער הימל ווײַט און פֿול מיט שטערן.
נאָר מײַן האַרץ — אַראָפּ פֿון זינען.
פֿון אונטער וויִעס קאַפּען טרערן,
רינען, רינען.

נאָר ווען דו שטייסט אין מיטן טאָג,
הויל דאָס האַרץ און קאַלט דער ראָג —
טראָג אַ שמייכל מיט ווײַסע ציין,
וועלן אַלע זאָגן:
אַ מלאך שיין, אַ מלאך שיין...

## אַ טאָג אין מאַרץ

דער דרויסן — פֿרעמד,
הײַנט נישט געזען די ליכטיקע שײַן.
כ׳דריי זיך אַרום און פֿאַרקריך זיך
אין די אייגענע ווינקלען אַרײַן.
סע ווערט אַזוי וויכטיק דער ענגער שטח,
געלאָדן מיט באַטײַט,
און וואַקסט איבער, העט אַריבער
אַלע שטחן פֿון צײַט...
דער דרויסן — שטרענג, קאַלט, ווײַט.
און דו — קליין, בלייך
און אײַנגעגלייבט, פֿאַרשײַט.

## מיטן פֿאַרטונקלטן באַרג־סילועט

ווּהין פֿאַרשווינדט דער רויטער פֿלאַם פֿון שפּיץ באַרג
צעצונדענעם אין זוניקער גליִיִקייט?
אַ מכשף האָט עס מיט דער האַנט אַ מאַך געטון
אַקוראַט ווי די זון פֿאַרגייט
און אָפּגעמעקט אים מיט אַ האָקוס־פּאָקוס־שפּראָך.
און ווי סע פֿאַרטונקלט דער באַרג־סילועט
קומען מחשבות טונקעלע פֿון העט,
וואָס באַהאַלטן געוואַרט שוין אויף דער מינוט
דיך צו באַפֿאַלן.
שאַרן אויף שפּיץ פֿינגער זיך שטילערהייט
און שטייען פֿאַר דיר, ווען נישט זיך געגרייט —
פּלוצעמדיק, איבערמאַכטיק,
און נעמען איבער דאָס מלכות.

## גראָער פֿאַרטאָג

ווי הויל און בלויז מען איז —
די אייגענע דינע הויט און נישט מײַן.
ווי נעבעכדיק און נישטיק,
ווי אָפּגעשיידט און אַליין...

דער סוד ווערט פֿאַר דיר אַנטפּלעקט
נאָר אינעם גראָ פֿון פֿאַרטאָגיקער נאָרע,
וווּהין דו דערשאַרסט זיך מיט באָרוועסע פֿיס.
אַ עולה־רגל, קומסטו דערקענען דעם אמת
און דאָ גייט ער אויף פֿאַר דיר אַזוי ווי ער איז...

סטרעמפּלעך גליווערן — שמאָל־ווײַסע פֿינגער
שטרעקן נאָך דיר זיך, דיך נעמען אין מיט;
און אויגן־אָן־אָפּלדיק — גלאָצן פֿון וואַנט,
שטעכן ווי שפּיזן דיר דורך דײַנע טריט.

און דו — דורכגעדראָזשעט פֿון אײַזיקן אָטעם —
פֿאַלסט אין שווינדער און אַנגסטן אַוועק.
און זי, די אייביקע גוטע ערד מוטער —
ציט דיך אַרײַנעט אין איר פֿאַרדעק.

גראָער פֿאַרטאָג — דיר אין מאַרך און ביין,
האָט אויסגעגוסעט זײַן לעצטן דעך,
און ווי דער דיבוק, וואָס איר גוף פֿאַרלאָזט,
דיך געלאָזט אַליין.

## אַ פֿויגל רופֿט, אַ פֿויגל וועקט

אַלע הײַזער אויסגעלאָשן,
אַלע הימלען אײַנגעפֿאַלן,
אַלע גאַסן אויסגעמעקט.
נאָר פֿון ערגעץ הערט זיך שאַלן:
אַ פֿויגל רופֿט, אַ פֿויגל וועקט.

אַלע חושים אײַנגעליוליעט,
אויג און אויערן פֿאַרדעקט.
נאָר אין מוח טוט עס בויערן:
אַ פֿויגל רופֿט, אַ פֿויגל וועקט.

אין דער ליידיקייט אַרומעט
הילכט זײַן שרײַענדיקער אומעט.
שרעקט.

## פֿאַרגעסן

איך לויף דיר נאָך מיט דריבנע טריט
און ווינק דיר צו: פֿאַרגעס מיך ניט!
פֿאַרגעס ניט! פֿאַרגעס ניט! פֿאַרגעס ניט!

שטייט אַ הויז מיט פֿענצטערס אַ סך,
שטומע ווענט, אַ שיטערער דאַך,
אויסגעלאָשן, אין הימל פֿאַרטראַכט —
אַ הויז אָן אַ זכּרון.

אַ מאָל האָט געקרייעט דער האָן אויפֿן פּלויט,
די שויבן — געגלאַנצט אין זוניקן רויט,
דער רויך פֿון קוימען — היימיש פֿאַרטרויט;
אַ מאָל, צוריק נאָך מיט יאָרן.

איך וויל לויפֿן אַהין — איז פֿאַרמויערט דער שטראָז;
כ׳וויל קלאַפּן אין פֿענצטער — פֿעלט דאָרט דאָס גלאָז;
כ׳וויל עפּעס שרײַען —גערענק איך ניט וואָס.
פֿאַרגעסן. פֿאַרגעסן. פֿאַרגעסן.

## אַ גוטער חלום

פֿאַר וואָס קומט אַ גוטער חלום זעלטן אַזוי?
הימלבלוי מיר אין די אָדערן אַרײַנגערונען —
אַ ים מיט זונען.
אַזאַ לײַכטקייט בײַם טאַנצן אויפֿן שטריק!
און מײַן איינציקער טריק
איז באַלאַנס.
אין דעם אָ זיסן טראַנס —
אילע מײַנע טווּנגען געראָטן,
אָן אַ מינדסטן שאָטן פֿון ספֿיקות.
זיכצוטרוי — גלייבן אין זיך.
קומט אויס יעדער ריר,
ווי אַ וויברירן פֿון מײַן אָרום.
די וועלט נעמט מיך ליב אַרום.
און גיט מיר שלום...

פֿאַר וואָס קומט אַזוי זעלטן אַ גוטער חלום?

# אַ מאָל איז געווען

איך וויל מײַן גרויס בענקשאַפֿט אין די גאָלדענע בלעטער פֿאַרגראָבן.
וועט קומען דער ווינט, דער ראָמאַנטישער טרובאַדור
און איבער דער גאַנצער וועלט עס צעטראָגן.
וועט עס קלינגען איבער באַרג און טאָל,
אין דער פֿאַרוואָרפֿנסטער כאַטקע וועט מען זינגען
דאָס טרויעריקע ליד פֿון דער גרויסער בענקשאַפֿט.
און די בלעטער וועלן שעפּטשען
און דער ווינט וועט ברומען
דעם אייביקן רעפֿרען:
אַ מאָל איז געווען, אַ מאָל איז געווען.

## אייביק איז די רגע

ווען דו זאָלסט קיין מאָל מער נישט זײַן
און איך בין קיין מאָל מער נישט דײַן,
ביסטו געוועזן איין מאָל מײַן,
אייביק מײַן —
אַ רגע.

דו גייסט אַוועק,
אַוועק אין ווײַט;
אַן אַנדערע גאַס,
**אַ פֿרעמדע צײַט;**
נאָר אייביק זענען מיר צו צווייט
געגאַנגען פֿאַר אַ רגע.
איך צייל די טראָפּנס אין מײַן האַנט
אויסגעפּערלטע בײַנאַנד,
הענג זיי אויף אויף מײַן געוואַנט.
אייביק איז די רגע.

*

ווען כ'לעש דאָס ליכט אויס אויף דער נאַכט צום שלאָפֿן גיין
בין איך נישט אַליין.
דער הויך פֿון דײַנע ליפּן איבער מיר צעהאַנגען ליגט
און מיך פֿאַרוויגט.
איך קאָרטשע זיך אַרײַן אין דיר,
דו פּלאָנטערסט זיך צונויף מיט מיר —
אַ קנויל.
און דײַן מויל
מײַן נשמה טרינקט.
אַ רגע, אַן אילוזיע — און פֿאַרזינקט.
פֿאַרשווינדט.
בלײַב איך אַליין אין דער נאַכט פֿון טינט.
אָן איין שטערן.
נאָר דער חלום האָט רחמנות, און געשווינד
קומט און ווישט מיר אויס די טרערן.

## געצאַמט

ווײַל איך ווייס דו קענסט נישט פֿאַרטראָגן
קיין שום אויסבראָך פֿון געפֿיל,
רעד איך רויִק, געמאָסטן־שטיל,
און איך זאָג: כ׳באַדויער —
וואַרגט מיך דער געצאַמטער טרויער
און סע ברעכט מײַן האַרץ זיך שטיקלעכווײַז.
איך רעד קיל — אַ שטיקל אײַז:
„אפֿשר, טאַקע, אמת״.
כאָטש עס איז שוין גאָר נישט אמת,
נישט קיין פּיצעלע, קיין שמץ.

## גאָרנישט

גאָרנישט איז געבליבן, גאָרנישט,
נאָר אַ שמייכל אָן אויסגעהוילטער,
אַ פֿאַרגעסענער פֿון פֿאַר אַ יאָרן.
קיין שום ציל קיין קלאָרן
מער מע פֿילט.
נאָר טויבע קרישלענדיקע ווענט,
ווי אַן אַלטער מאָנומענט,
פֿאַרלאָזן פֿון דער צײַט
אָן זין, אָן באַטײַט.
גאָרנישט.

## דאָס גאָלדענע ליכט

אין פֿינצטערן קעלער, וואָס האַלט מיך פֿאַרשפּאַרט,
האָט אַ פֿעדעמל ליכט, אַ דין פֿעדעמל זיך דורכגעשאַרט
און מיך גערופֿן, געווונקען,
נאָך מיר געגאַרט.
מיט פּלוצעמדיקן גלי מײַנע אויגן געבלענדט,
האָב איך געלאָזט זיך פֿליִען
מיט געהויבענע הענט,
מיטן פֿעדעמל ציִען
פֿון צווישן די ווענט
אַרויס.
אָבער איך — צו שווער און צו גרויס
און דאָס גאָלדענע ליכט —
אַ פֿעדעמל בלויז.
בין איך געבליבן אין דער פֿינצטער
אויף דער טרעפּ אויסגעשטרעקט.

און דאָס גאָלדענע ליכט טרייסט מיך און וועקט.

## ביַי נאַכט אויף שאָסייען

ביַי נאַכט אויף שאָסייען פֿון פֿליגל געטראָגן,
רעדער פֿליִען, זיך יאָגן, דעריאָגן.
ליכטעלעך רויטינקע, קליינע דיר ווינקען ;
דערהייבן זיך, פֿאַלן, אין נאַכט אַריַין זינקען.
ביַי זיַיטן, צו לינקס און רעכטס — שפּיצן ביימער,
געשפּענסטער פֿון נאַכטישער שטילקייט געהיימער.
איינע נאָך איינע די שעהען פֿאַרפֿליִען.
איינע נאָך איינע ווי שלאַנגען זיך ציִען
אויטאָס — פֿון כּישוף געטריבענע מאַשינען.
אַרוים אויף געיעג, ווי אַראָפּ פֿונעם זינען.

## מײַנע קינדערגאַסן

מיט קלינגענדיקן קנאַל
פֿון מײַנע יונגע אָפּצאַסן
האָב איך געשפּאַנט
אויפֿן בלױענדיקן אַספֿאַלט
פֿון מײַנע קינדערגאַסן.
דער הימל — אָפֿן פֿרײַ
האָט וואַרעם מיך אַרומגענומען.
איך אַליין — אַ טייל פֿון אים,
פֿון זײַן בלאָ אַרויסגעשווומען.

חלומות זענען קיין חלומות נישט געווען,
נאָר מויערן ממש אָנצורירן.
זים זענען זיי געווען און ליב —
געפֿירט מיך בײַ דער האַנט שפּאַצירן.
וועלדער געוואַקסן אין מײַן הויף,
פֿייגעלעך בײַ מיר אין שטוב אַרומגעפֿלויגן.
אַ ווערבע בײַ מײַן בעט מיר מעשׂהלעך דערציילט,
שעפּטשענדיק איבער מיר געבויגן.
אָפֿן איז געווען מײַן אויג און אומפֿאַרשטעלט
און סאָסנע גלײַך דאָס פּנים פֿון דער וועלט.

איך פֿרעג: ווען האָט פֿאַרקלונגען
מײַן קלינגענדיקער טראָט?
ווען האָט פֿאַרדאָרנט מײַן גאָרטן?
שטומפּיק אָן אַ קול איז הײַנט דער אַספֿאַלט
און איך — ווײַט אַזוי פֿון דאָרטן.

## אָנגעשפּאַרט אין טירעם

אָנגעשפּאַרט אָן טירעם,
נעמט אַדורך דיך פּלוצעם
אַ קילער שטראָם פֿון רו.
עלעהיי דו
ביסט אויך אַ טויט שטיק האָלץ,
צי ציגל דאָרט, צי וואָס...
אַלטע קנייטשן פֿונעם האַרצן ווערן אויסגעגלעט
און דער בלאָער הימל
האָט אַ ווײַסע כמאַרע פֿאַר דיר אויסגעבעט
צו ציִען מיט דיר הויך צו צו
אין אַ וויגל רו.
שוועבסטו — אויגן אויפֿגעריסן, אָפֿן —
אויסגעשטאַרצט צו די אֵין־סוֹף.
האָסט גאָר נישט געוווּסט,
דעם תּענוג נישט פֿאַרשטאַנען
פֿון זײַן אַ זאַך,
ווי אַלע זאַכן זענען,
לײַכט און פֿרײַ און אײַנגענעם:
אַ טייל פֿון אַ טירעם.

## אַ מוז אַזאַ

סע פֿאַלט דער שניי צעווילדעוועטערהייט,
נאָר קענסט זיך נישט העלפֿן: ס'אַזוי פֿיל פֿרייד
אין אַלע שנייען וואָס האָבן ווענס געשנייט!
ווערסטו אויך ווי דער שניי פֿאַרשײַט
און הייבסט אויך אָן צו שנייען.

ווינקט צו דיר דער פוכיקער,
און ס'קומען שנייען קריק אַהער
פֿון יונגער ווײַט, אַמאָליקער...
ווערסטו לײַכט אַזוי ווי זיי
און יינגער פֿונעם יינגסטן שניי
און הייבסט אויך אָן צו שנייען.

סע ציטערט דער בוים
און סע גליווערט די גאַס.
דער הימל ווייקט זײַן שטערן נאַס.
נאָר איך קען זיך נישט העלפֿן —
אַ מוז אַזאַ:
שטענדיק מיט שניי מיטצושנייען.

## מסכּים

פֿון וואַנען אַזאַ פּלוצעמדיק שפּרודלען פֿון פֿרייד?
ווי ס'וואָלט קינדישערהייט
די זון זיך צעשפּילט מיט באַלאָנען:
ליכטבאַלאָנען, לאַכבאַלאָנען,
און אויפֿציִענדיק פּאַראַדנע פֿאָנען
וואָלט זי שטיפֿעריש אויסגערופֿן: הערט,
זאָל זײַן יום־טוב אויף דער ערד!
איז אַלצדינג מיט שׂימחה דורכגעשפּונען —
מויערן, גאַסן — דער גאַנצער אַרום
(אַ חברותא שטײַף און שטום)
איז פּלוצעם אויך מיר וויל געזונען...
און כ'וויים נישט ווי אַרומער, ווי אַזוי
דער בייזער ווינט מיט זײַן וועלפֿיש געוווי —
מיר אַ חבר! און זײַן בושעווען גאָר —
אַן עקסטאַטישער טאַנץ!
און איך אַליין וועל אויך באַלד נעמען טאַנצן,
ווײַל איך בין אין גאַנצן
מסכּים.
מסכּים מיט דער וועלט.
מסכּים מיט דער זון.
מסכּים מיטן ווינט.
מסכּים און צעלאָזן ווי אַ פֿריילעך קינד.

## וואָסער רו איז עס

איז עס די רו פֿון פֿאַרשטיין,
וואָס לייגט זיך אויף מויל און זשעסטן,
ווען דו ווערסט קלוג?

צי איז עס די רו פֿון פֿאַרגיין
וואָס עסט זיך איַין אין מאַרך און ביין,
ווען דו ווערסט אַלט?

צי איז נאָך צײַט זיך אויפֿצושטעלן
און לאָזן זיך אין וועג,
וואָס פּלוצעם קלאָר אַזוי מען זעט?

צי איז שוין צײַט
צו פֿאַרקלינגען מיטן ווידערקול:
צו שפּעט...?

## ווערסטו עלטער מיט די יאָרן?

ווערסטו עלטער מיט די יאָרן —
מידער, מאַטער, אָפּגעשוואַכט?
און די קלעפּ וואָס דיך באַפֿאַלן
בעטן אויס פֿאַר דיר די נאַכט?

ווערסטו קליגער מיט די יאָרן —
דער שמייכל אײַנגעהאַלטענער?
האָסט געלערנט ווי זיך ווערן —
(אַן אָפּווער אַ באַהאַלטענער)?

פֿאַלסטו נישט און ווערסט צעטראָטן
ווי זיי האָבן זיך געריכט?
פּערל, הפֿקרדיק צעשאָטן
זיך צעפֿינקלט אומגעריכט?

זעסטו איצטער בעסער, שאַרפֿער,
כאָטש דײַן ראיה נישט איַי־איַי?
איז גאָר נישט דאָס אויג דער זעער,
נאָר אַ חוש אין גאַנצן נײַ?

האַרבסטוואַלד רויטער זיך צעבליט,
טוליעט ווייך מײַנע טריט.

## מעדיטאַציע

פֿולע אויגן, שווערע רייד
און דאָס טראַכטן זיך פֿאַרגייט
אין אַלע ווינקעלעך.
אַ שוואַרצער גלי, אַ פֿונק צעגעלט
געצונדן אינעם שײַטער וועלט, —
ער העלט.
דער טרויער רינט
אַריבער נאַכט פֿון טינט
און ברענט.
מחשבֿות און דער טרויער גיבן זיך די הענט,
גוטע־ברידער, זיך פֿון ווען געקענט.

## דאָס נישט־געזאָגטע

וויפֿל ווערטער דאַרפֿסטו האָבן
כּדי צו זאָגן אַ שטיקל אמת?
און ווי אומפּאַסיק און פֿרעמד
איז דיר צו מאָל דײַן אייגן העמד...
און דו פֿרעגסט: „מײַנע ווערטער דאָס,
צי וועמעס?".
נישט דערזאָגט
און איבערגעזאָגט
וואָס דו האָסט געמיינט צו זאָגן.
פֿאַלשע קלאַנגען, דיסאָנאַנצן...
און פּלוצעם שפּרינגט אַרויס
דאָס נישט־געזאָגטע אין גאַנצן —
צעוואַקסט זיך אומגעריכט,
מאַסיוו, געדיכט,
מיט אַ הילכיקן געשריי אַ שטומען.

באַשײַמפּערלעך און יונג
שטייט דער אמת
צווישן די שורות פֿון דײַן צונג.

## אין וואַלד פֿון וועלדער

מע דרייט זיך אום אין וואַלד פֿון וועלדער:
שאָטענעס — אַהער, אַהין;
אין אַ קרײַז אומענדלעכן, אומאויפֿהערלעך,
אָן אַ זין.

סע רײַסט אונדז אויף צו מאָל דער חלום
פֿון טראַנס, און פֿרעגט בײַ אונדז: „צו וואָס?״.
מיר פֿאַרגעסן גיך די שאלה —
דער טאָג פֿאַרבלענדט מיט ליכטצעגאָס.

אויך איך גיי, צעחושט מיט אַלע,
צונויפֿגעפֿלאָכטן אין אַ בונט.
דער ריטעם פֿון אַן אַלט פֿאָלקסליד
באַלייט אונדז פֿונעם הינטערגרונט.

ראַטאַ־טאַטאַ, ראַטאַ־טאַטאַ,
פֿירט אונדז אונטער דער זינג־זאַנג;
און ס׳קרוינען אונדז לבֿנה־הערנער
אויף דעם סאָמנאַמבולן־גאַנג.

## דאָס שעפּעלע

קוקסט אָן די שטוב מיט הוילע ווענט,
ווינטן ציִען, נעפּלען ליגן שווערע.
די גאַנצע פּוסטקייט האָסטו לאַנג דערקענט
און דו פֿרעגסט: ווי לאַנג נאָך
וועסטו שעפּן פֿונעם קוואַל?
נאָר דאָ דערהערסטו פּלוצעם
ס'מעקען פֿון אַ שעפּעלע אין שטאַל.
גראָע אויגן און אַ שמייכעלע אַ פֿאַרגעסנס,
ווער ווייסט פֿון ווען און וואַנען,
מסתּמא נאָך פֿון יענע הימלען אָנסופֿיקע
און גרינע לאַנען
האַלט עס דאָרט זיך אײַנגענעסט.
וואָס זשע איז די שרעק וואָס דו דערזעסט
אין זײַנע אַפּלען? —
די ווײַסע פּוכיקייט פֿאַרצאַפּלען?
זענען עס די קראַטעס אײַזערנע?
די ענגע שטאַל?
דאָס שעפּעלע אין זײַן פֿאַרפֿאַל...
נאָר ס'האַלט נישט לאַנג זײַן אימה —
פֿאַרגנבעט אַרײַן זיך אַ פּעדעמל זון,
איז שוין פֿאַרפֿולט זײַן קוטשעראַווע קעפּל
מיט זעונגען פֿון סאַמעטענע גראָז,
קוואַלן קילן, זונען שפּילן,
אַ גאַנצע גאַמע קאָלירן
זיך צעטאַנצט אים פֿאַר די אויגן, שימערירן,

און גאָר נישט מער פֿאַראַן קיין קראַטעס,
נישט קיין מיסט, קיין שטאַל,
נאָר הימלען אָפֿענע
און פּלאַפּלענדיקע פֿייגעלעך אַ שלל.

## ווּ אַהין

אויפֿן סקווער ווּ זיבן שטראָזן גייען זיך פֿונאַנדער,
אָפּהענטיק איך שטיי.
כאָטש וויפֿל שליאַכן כ'האָב שוין אויסגעוואַנדערט,
ווייס איך אַלץ נישט ווּ אַהין איך גיי,
כ'נישטער, זוך און וויי —
איך בלאָנקע.
זומפּיק, דאַכט זיך מיר, דער גלײַכער וועג
און — דער מידבר גייט גאָר אויף אַ גרינע לאָנקע.

אויפֿן סקווער ווּ זיבן שטראָזן גייען זיך פֿונאַנדער,
אויסגעליידיקט, הויל —
קיין נפֿש נישט פֿאַראַן ביז לעצטן העק.
און איך — אַ סלופּ מיט אויסגעשטרעקטע אָרעמס
ווײַז דעם דרך,
כאָטש איך אַליין ווייס נישט רעכט דעם וועג.

**אַפּגעשיידט**

מײַנע פּאָר טראָפּנס גאָלד,
וואָס כ׳האָב פֿון דער זון אַ מתּנה געקראָגן,
מוז איך מיט ציטער היטן און טראָגן
בײַם האַרץ נאָענט,
אַז איך זאָל שטענדיק זײַן דערמאָנט
קיין מאָל בײַ זיך נישט צו פֿאַלן.
ס׳זאָלן מײַנע טראָפּנס גאָלד פֿאַר מיר
די שאָטיקע אַליי דורכשטראַלן.
די שאָטיקע אַליי,
ווו ראָבן קרעכצן „אָך"
און קראָען קראַקן „איי",
און דער ווינט האַלט אונטער
מיט אַ וויינענדיקן „ווײ".
און איך — באַגלייט פֿון די קלאָגנדיקע קלאַנגען,
שפּרײַז פֿרעמד און אָפּגעשיידט
פֿון דער דרויסנדיקער מיזעריע,
אַליין מיט זיך און מײַן גאָלדטראָפּן-אימפּעריע.

## ווּ איז די טרייסט

ווּ איז די טרייסט — דער זילבערנער טראָפּן
די נשמה צו קוויקן, דאָס האַרץ צו לאָבן?
סע רינגלען אַרום דיך פּאַליצעם פֿולע:
הויפֿנס און באַלנס,
זעקלעך און פּעקלעך
רײַסן און מאָנען.
דײַן האָרעוואַניע האָט נישט קיין נאָמען.
דרייסטו אַרום זיך דײַן אייגענעם שאָטן.
וואָס האָסטו אָפּגעשפּאָרט, זאָג מיר, איך בעט דיך?
אַ קיישל מיט שטערן,
צי זילבערנע רענדלעך?
אַ געבויגענעם נאַקן און גלידער וואָס שווערן;
מאָזאָליעס אויף אַקסלען פֿון טראָגן די עולן.
ווי שפּאַנט מען דעם טאָג אַריבער?
ווי טראָגט מען די שעהען איבער?
ווּ איז די טרייסט?

*

אַ פּוסטע כּלי, אַ ליידיקער בעכער,
אויסגעהוילט און גאָלע לעכער,
ווּ דער ווינט ריַיט דורך.
הענגען צויטן נאָך —
אויסגעפֿראַנדזטע שמאַטעס, טיכער,
אויפֿגעטרייסלט פֿונעם וויכער.
בלײַערנער פֿײַף זײַן רופֿן.
פֿול די נישט־געזעענע גופֿן
און די פֿינגער ווי פֿאַרשטאַרטע פֿון דער קעלט.
שימל דיר דעם וועג פֿאַרשטעלט.
נענטער קריכט זי די פֿאַרפֿוילטקייט.
ס׳דראָזשעט פֿון דער נישטיקייט.
מיינסט פֿאַרבאָרגענע קוואַלן דאָ?
קען אַ מאָל נאָך גרינען גראָ?
ווען? אין וועלכער שעה?

## גיי

גיי.
וואַנדער אוים די וועלט פֿון עק צו עק!
זוך, געפֿין, באַשרײַב, אַנטפּלעק,
פֿאַררעגיסטריר
דעם סוד פֿון מאַגישן עליקסיר,
און מיש צונויף עם טראָפּ ביַי טראָפּ.
היט אָפּ די פֿאָרמל
ווי דײַן אויג אין קאָפּ.
דערנאָך
פֿאַרענדיק מיט אַ צויבערשפּראָך
דעם כּישוף־געטראַנק
און טרינק!
וועט ווערן העל דײַן גאַנג און גרינג,
און דו וועסט טענצלענדיק און נישט־באַשווערט
טרעטן אויף דער ערד.

## שלעפֿעריקער טאָג

לעטאַרגיש ליגט דער טאָג — אַ שטיין,
און רירט זיך נישט פֿון אָרט.
וויפֿל זאָלסט נישט פּרוּוון
שטויסן אים און הייבן,
ער בלײַבט אַלץ ליגן:
אַ שלעפֿעריקער ריז אָן לעבן.
זעצסטו זיך אַוועק בײַ אים צופֿוסנס
אָפּהענטיק און שטום.
זוכסט אַ ביסל פֿרישן אָטעם,
אַ גרעזעלע, אַ בלום...
נאָר שאָלעכץ אויסגעהוילטע,
קרישקעס ליגן אום.
לייגסטו מיט אַ גענעץ אויך זיך צו
ווי דער טאָג, אין פֿאַרשטיינטער רו.

## צעשויבערטע לבֿנה

איך האָב פּלוצעם דערזען אַ צעשויבערטע לבֿנה.
מיט אַ קרומען לאָך האָט זי מיך אָנגעשײַנט.
און איך האָב תּמיד געמיינט, אַז אַ לבֿנה
מוז זײַן ציכטיק פֿאַרקעמט און איידל פֿאַרפֿײַנט —
עך, הײַנטיקע לבֿנות!
אָבער גאַנץ בסוד,
און גאָר אין דער שטיל
געפֿעלט עס מיר גראָד:
ס׳איז מײַן סטיל.
איך — צעשויבערט פֿון תּמיד אָן,
האָב געהאַלטן עס פֿאַר אַ חסרון,
אָבער ערשט איצט, נאָך די אַלע יאָרן
זע איך, אַז נישט שלעכט...
אין ווינט די האָר, ווילד צעפֿלעכט,
צעפֿלאַמט,
ווי אַ פֿויגל אין די הייכן פֿרײַ,
און אומגעצאַמט.

**באַפֿרײַערס צוויי**

אַ זיפֿץ פֿון טויזנט פֿאַרדושעטע זיפֿצן: „אוי־וויי!"
פֿון אונטער אַ מבול שטעקענעס אַראָפּגעשלונגענע,
אַ קלײנער אויסגעשריי.
אַ רויכסיגנאַל צום הימל געווענדט:
און פֿון רויך שיילט אויס זיך אַ מענטש מיט אויסגעשטרעקטע הענט —
„אוי־וויי!"
כּדי זיך כּוח צו מאַכן
ווײַטער צו טראָגן דעם שטײנערנעם יאָך;
און זיך נישט ווײַסנדיק מאַכן
און ווײַטער אָנגיין, דאָך!
און טראָגן אַ שמייכעלע עלעהיי גאָרנישט...
אוי־וויי, אוי־וויי!
אײנציקע באַפֿרײַערס צוויי.

## אַן ענגער קרײַז

אַן ענגער קרײַז פֿון אַ גרויסער משפּחה —
מענטשן, מענטשן אויסגעזעצט.
אויף די בענקלעך, אויף די וועגן,
אויף דער ערד זיך ענג באַזעצט.
אויג צו אויג און מויל צו אויער:
אַ גוט-מאָרגן! זײַ געזונט!
קום און גיי — אַ מוז אַ שווערער,
לײַכטער שמייכל. טיפֿע ווונד.
און אַז גיין זאָל זײַן אין איינעם.
פֿאַלן מוז מען דאָך אַליין.
רויט דאָס בלוט און ווייך דאָס פֿלייש איז
און דער גורל — האַרטער שטיין.
ציִען פֿעדעם נישט געזעענע
איבערן הימלוויַיטן בלאָ.
טיפֿע גריבער. שוואַרצע לעכער.
וואַרטן אויף אונדז שטום און גראָ.

## און דאָ — ליכטיקע מונטערקייט

דער טאָג גלעט צו. ראַמט אויף.
שטעלט אַלץ אויף זײַן אָרט,
אויפֿגעליכטיקט ווערט,
צוגעציכטיקט —
קאָמפֿאָרט.
דער פֿלוצעמדיקער בײַט! נישט צו באַנעמען.
ערשט וואָס אַרוים פֿון נאָרישע טעמנען.
ס'ע טריפֿט נאָך דער חושך אין מאָרך פֿאַרבליבן
און כליפּעט אויף זוימען פֿון צויטן אין שטילן...

און דאָ — ליכטיקע מונטערקייט!
זאָל עס אמת זײַן דאָס שוויבלען און גריבלען פֿון וויכטיקייט?
דער רעשיקער הו-האַ?
צי איז עס בלויז אַן אויסדאַכטעניש אַזאַ
פֿון אַ היפּערטראָפֿישער דריז?
צי אַ קאַפּריז
פֿון אַ שלעכט פֿונקציאָנירנדיקן חוש?
אַ פֿאַרבלענדעניש?
פֿאַרטוש?

## מײַן היים ניו־יאָרק

שעמסט זיך אויסצוזאָגן,
אַז דער קוילן־פּאַרעך,
גאַזאָלין־רויך,
דער ווילדער געטומל, האַסטיק געטריב —
איז דײַן היים — און דו האָסט זי ליב.
ווילסט נישט צוגעבן,
אַז אויך דײַן לעבן
ווי דער ברוקירטער אַספּאַלט
איז געוואָרן פֿאַרגליווערט, שטיין קאַלט.
נישט אויסצורעדן אַ וואָרט מיט קײנעם,
טעג לאַנג.
און דאָס איז געוואָרן דײַן שטײגער לעבן,
אַפּילו פֿאַרלאַנג.
און וואָס איז דאָ זיך צו באַרימען?
די וואָס פֿאַרשטײען עס נישט
וועלן מיט מיר נישט אײַנשטימען;
און די אַנדערע — סײַ ווי סײַ מײנען:
ס'איז די בעסטע פֿון אַלע היימען.

## אפּשרס — טאָמערס

די אפּשרס און די טאָמערס
מיט העלגעבלומטע קליידער,
טאַנצנדיק און שפּרינגענדיק
און שפּילנדיק כּסדר.

זייערע געזאַנגען
חוצפּהדיק און יונג.
דער ריטעם פֿון די גלידער —
שפּרודלדיקער שווונג.

שטענדיק אַזוי אַלע,
וויפֿל כ'האָב געקענט,
מיט אַ ליבן שמייכל
געפֿירט זיך ביַי די הענט.

ווער האָט פֿון זיי ווען
אַ וואָרט אַ שלעכטס געהערט?
אפּשרלעך און טאָמערלעך,
באַגליקט אויך אונדזער ערד!

## שולקינדער

אויפֿגעריסענע מײַלער,
בלישטשענדיקע ציינער
לאַכנדיקע קינדער
אין אַהיים-געלויף.

באַלאָדענע מיט ביכער,
פֿאַרנודעטע פֿון שעהען
זיצן אין די קלאַסן,
אָטעמען זיי אויף.

צעלאָזענע אין ווינטן,
צעפֿלויגענע די גלידער,
שרײַט פֿון זיי אַרויס
אַ פּראָטעסט-געשריי.

אַלע אײַנגעצאַמטע,
געבונדענע, פֿאַרקלעמטע,
באַפֿרײַט-געוואָרענע
צו-להכעיסן אין זיי.

## חורבֿה

דרײַ בלומענטעפּ
אויף חורבֿה־טרעפּ,
אין בלעכענע פּושקעס
מיט פֿאַרוויאַנעטע קעפּ.

חורבֿה געל, חורבֿה גראָ
בלייכט אַרויף צום הימל בלאָ.
ווער זינגט עס פֿון אַ חורבֿה?
איך זינג אַ ליד צו דער חורבֿה!

חורבֿה! חורבֿה! חורבֿה!

ס'האָט מיך פֿאַרכאַפּט איר שטאָלצער שטעל —
אַן אײַנגעשפּאַרטער „כ'וויל און וועל!"
זינג איך איר אַ לויבגעטרעל:

חורבֿה! חורבֿה! חורבֿה!

## די תּלמידה

מיט קאַרשנגלאַנץ די אויגן אירע
וועגן מיך און מעסטן.
כ׳מוז צוליב איר אויסשפּירבליק
דערהייבן זיך צום בעסטן.
זי הערט, באַקוקט, באַפאָרשט מיך
פֿון שפּיץ פֿוס ביזן קאָפּ.
זי זעט דאָס מינדסטע פֿעדעמל,
צי פֿלעק — אַ מיקראָסקאָפּ.
און איך — ווען כ׳ווענד צום קלאַס זיך,
רעד איך צו איר ווײסן,
קוקט זי אָן מיך שטראָפֿנדיק,
רעדט עס מײַן געוויסן.
איך טראַכט פֿון איר מיט צערטלעכקייט
אין רגעם ווײַטע, שטילע,
און דאַנק דער קלוגע־שאַרפֿער, אָפֿן־אויגיקער תּלמידה.

### בײַ ג.

איך בין דעם אָוונט אַנטקעגנגעגאַן
אין גאַנצן אָן חשק, אַפֿילו מיט שרעק.
נאָר ס'איז געווען נישקשהדיק...

מיר זענען געזעסן אַרום טיש —
לעבלעך, שטײַפֿלעך און געפּרוווט שאַפֿן
און געשאַפֿן „אַטמאָספֿער".
וואָס קען מען מער?

מע וואַרפֿט אַרײַן אַ וואָרט אַדאָ,
באַמיט זיך טון אַ שמייכל דאָרט,
אײַנגעהאַלטן, נישט גאַנץ פֿרײַ
אין מען געזעסן אויפֿן אָרט.

אָבער פֿאָרט — ס'האָט זיך באַקומען,
אינעם סכום פֿון האַלבן שטומען,
אַ גאַנץ קלוג גערעדערײַ.
און איך מוז זאָגן: ס'איז געווען כּדאַי.

## די פֿרוי אין געל

געזען אַ פֿרוי אין דורכויס געל
פֿון פֿיס ביז האָר און די ברילן אַפֿילו.
איך מעסט זי אָפּ און שפּיגל זי דורך
און הער דאָס גלעקל-געלעכטערל ס׳שטילע.

איך קען זי נישט און ווייס זי נישט,
זי איז בײַ מיר בלויז דורכגעגאַנגען
אין אַ שפּעטן נאָכמיטאָג,
ווען ס׳האָט די זון זי אין געלקייט געפֿאַנגען.

איך האָב אויפֿגעכאַפּט טראָפּנס אַ פּאָר
און זיי אין קעשענע באַהאַלטן ;
און ווי כ׳האָב דערטאַפּט אַ שטיקל פּאַפּיר
האָב איך איר געלקייט גענומען געשטאַלטן.

## סוררעאַליסטישער פּייזאַזש

אַן אָנבליק וואָס גליווערט —<br>
שטײַף און אויפֿגעראַמט און גלאַט:<br>
פֿאָרנט שטאַרצט אַ ביין<br>
ווי אַ פֿאַרוויאַנעט בלאַט;<br>
לינקס צו צו — מעריטשקעס און שפּינען,<br>
איבעררעאַל און גרויס,<br>
שפּאַרן שיִער פֿון בילד אַרויס<br>
צו דיר.<br>
און דו — אויג אין אויג<br>
מיט אַן אויף העלפֿט צעעפֿנטן מיידל־גוף.<br>
און איבער טויטע ביימערצווײַגן<br>
אַ נישט־פֿאַרשטענדלעכער רוף<br>
הויערט, נאָגט, מאָנט<br>
ווי אַ סטראַשענדיקע כמאַרע<br>
אויפֿן אָפּגעגאָלטן האָריזאָנט.

## אויף דער הייסער מינוט

הײם זיך צעפֿלאַקערט — פֿײַער און פֿלאַם.
ווילדע צעשטורעמט — כוואַליעס אין ים.
קאָכן זיך, היצן אָן יִישוב הדעת,
צעפֿלאַקערטע, געלע צונגען פֿון כּעס
אויף דער הייסער מינוט.

נאָר צו מאָרגנס — פֿאַרקלונגען דער טשאַד פֿון יאַריד;
גראָען די פֿלאַמען אין אַשן צעשיט.
און דו ליגסט געקאָרטשעט אין דרײַען פֿון קעלט.
בושהדיק האַלטסט דיר דאָס פּנים פֿאַרשטעלט.
געדענקסט שוין נישט מער וואָס דיך נעכטן צעהעלט
אויף דער הייסער מינוט.

# אינהאַלט

## אפֿשר



## דריבנע זערנעס

## וואָסער רו איז עס



## אויף דער הייסער מינוט

מײַן האַרציקן דאַנק
משה האָרוויצן, דעם יונגן ליטעראַטור-פֿאָרשער
און מײַן ברודער ד"ר מרדכי שעכטער
פֿאַר זײער הילף
בײַם צונויפֿשטעלן דעם דאָזיקן באַנד לידער

## פאַרלאַג „ישראל־בוך"

**אריה שמרי / וואָרצלען**
אַנטאָלאָגיע פון יידיש־שאַפן אין ישראל

**ישעיהו שפיגל / פלאַמען פון דער ערד**
ראָמאַן

**רחל פישמאַן / דערנער נאָכן רעגן**
לידער

**מאַרגאַרעט לאַרקין / די זעקס טעג פון יד מרדכי**
יידיש — ד. שטאָקפיש

**רפאל מאַהלער / היסטאָריקער און וועגווייזער**
עסייען

**רבקה באַסמאַן / בלעטער פון וועגן**
לידער

**ריקודה פאָטאַש / אין געסלעך פון ירושלים**
דערציילונגען

**יעקב צבי שאַרגעל / זוניקע שוועלן**
לידער

**משה שולשטיין / איבער די דעכער פון פאַריז**
דערציילונגען

**אריה שמרי / דאָס יינגל פון דיזשאָן**
פּאָעמע

**רפאל מאַהלער / ספר סאַנץ**
היסטאָרישע מאָנאָגראַפיעס, זכרונות און גביות־עדות

**משה גראָסמאַן / שטויב און אייביקייט**
דערציילונגען און מיניאַטורן

**אריה שמרי / געזאַנגען אין שײַער**

לידער און פּאָעמעס

**מנוחה ראַם / אַרום דער ווערבע**

דערציילונגען

**משה זאַלצמאַן / ...און מען האָט מיך רעהאַביליטירט**

איבערלעבונגען פון אַ יידישן קאָמוניסט אין ראַטנפאַרבאַנד

**אברהם שלאָנסקי / לידער**

אָפּקלײַב פון א. שלאָנסקיס פּאָעטישער שאַפונג

יידיש — משה יונגמאַן

**משה גראָס־צימערמאַן / דאָס וואָרט וואָס מיר שרײַבן**

עסייען און פּראָפילן

**רבקה באַסמאַן / ליכטיקע שטיינער**

לידער

**ביילע שעכטער־גאָטעסמאַן / סטעזשקעס צווישן מויערן**

לידער